י. א. ליסקי

# פאָר, דו קליינער קאזאק!

דערציילונג



ציינכונגען פון
אלווא

פאַרלאַג „הספר" לאָנדאָן

1942

I. A. LISKY

# ON YOUR WAY, LITTLE COSSACK!

*Short-story*

*Illustrated by*

*ALVA*



*Published by* "HASEFER," *Agency for Literature, Ltd.,*
38, MUSEUM STREET, W.C.1.

1942

Printed by I. Narodiczky, (T.U.), 129/131 Cavell St., London, E.1.

## א ווארט פונם ארויסגעבער

ווי מיר האבן שוין באקאנט געמאכט אין דער ערשטער אויסגאבע פון „אונזער ווארט", ברענגען מיר איצט דעם יידישן ליינער י. א. ליסקי׳ס נייעסטע דערציילונג „פאר, דו קליינער קאזאק!..."

מיר האלטן עס פאר נויטיק דא צו געבן א פאר ווערטער וועגן דער טעטיקייט פון „הספר". א סך פון אונזערע ליינער וועלן זיך מן הסתם וואונדערן, וואס מיר הויבן בכלל אן ארויסצוגעבן שענע ליטעראטור אין יידיש און, באזונדערס, וואס מיר האבן זיך גראד אפגעשטעלט אויף י. א. ליסקי׳ס נאוועלע, ווי אויף דער ערשטער פראבע פון אזעלכע אויסגאבן.

אויף דער ערשטער פראגע קענען מיר נאר ענטפערן, אז אין א צייט פון מלחמה, ווי די איצטיקע, ווען אלע קוואלען פון יידישן שאפן אין אייראפא, וועלכע איז פאר־גאסן מיט יידיש בלוט, זענען (לאמיר האפן אז בלויז צייט־ווייליק) פארשטאפט, קען קיין שום יידישער פארלאג זיך נישט באגרעניצן אין די ראמען פון דער אדער יענער שפראך, אויף וועלכער יידן רעדן, נאר מען מוז ארויסגעבן אלעס וואס איז ווערט דעם נאמען „ליטעראטור", אויף וואס פאר א שפראך דער יידישער שרייבער האט דאס געשאפן...

וואס שייך דעם אויסוואל, מוזן מיר צוגעבן, אז ער איז געווען א ריין צופעליקער, נאר אזוי ווי אלע גוטע זאכן קומען אפט צופעליק, איז אויך דא געווען א גוטער צופאל, וואס האט געבראכט צו דעם דאזיקן אויסוואל.

די דערציילונג „פאר, דו קליינער קאזאק!“ וועלכע מאלט דאס יידישע לעבן פון א קליין שטעטל אין פוילן וואס געפינט זיך צווישן צוויי פיינטלעכע קעמפנדע מחנות, איז געשריבן פון דעם מחבר נאך אין די רואיקע פאר־מלחמה־צייטן, און איז נישט קיין מלחמה־פראדוקט, ווי א סך אנדערע שאפונגען, וואס ווערן ביי אונז געדרוקט בלויז אונטער דעם איינדרוק פון טאג־טעגלעכע געשעענישן. די נאוועלע וואלט מסתמא געבליבן צווישן די אנדערע כתבים פון דעם יונגן שרייבער, וועלכע איילט זיך נישט ארויס־צוגעבן זיינע ווערק, ווען נישט דער גוטער צופאל...

י. א. ליסקי האט פארגעליינט א פראגמענט פון דער דערציילונג אויף דער ערשטער „לעבעדיקע צייטונג“ פון דעם יידישן זשורנאליסטן און ליטעראטן פאריין אין לאנדאן, און דער פארגעליינטער טייל האט שוין אליין מיט זיין רעאליסטישער פארם און שיינעם סטיל געצויגן די אויפמערקזאמקייט פון אונזער פארוואלטונג. דאס האט שפעטער געפירט דערצו אז מיר זאלן ארויסגעבן דאס ווערק אלס א גאנצעס. די בילדער וואס ווערן אזוי ערלעך און שיין געמאלן אין דער קורצער, אבער מערקווירדיקער נאוועלע, די פיגורן פון די העלדן, סיי די יידישע, סיי די פרעמדע, וואס לעבן איבער דעם קאמף צווישן די צוויי מחנות, קומען ארויס אזוי פלאסטיש, אזוי בולט, אז די גאנצע דערציילונג איז אן שום ספק א קינסטלערישע דערגרייכונג פאר דעם יונגן שרייבער, וועלכער האט שוין לאנג ארויסגעוויזן זיין טאלאנט, איז אבער אפט געוועז צו טענדענציעז אין זיין אויפפאסונג פון אונזער שווערן טאג־טעגלעכן לעבן...

כדי אים צו דערמוטיקן פאר וייטערדיקע רעאליסטישע שאפונגען און כדי צו געבן דעם יידישן ליינער א שיינע דערציילונג, וועלכע איז אי צייטיק, אי איבער־דער־צייט,

האבן מיר באשלאסן צו נעמען אויף זיך ארויסצוגעבן אלס דאס ערשטע אט דאס דאזיקע קינסטלערישע ווערק.

מיר האלטן פאר נויטיק אויסצודרוקן אונזער דאנק צו דעם באוואוסטן מאלער אלווא וואס האט געמאכט ספע־ציעלע צייכנונגען פאר דער דערציילונג. זיינע צייכנונגען פאסן זיך אזוי אריין אין דעם גאנצן גאנג פון דער דער־ציילונג, אז ער שאפט מיט די רעאלע, פיינע שטריכן, א פאלקאמען בילד פון דעם „קליינעם קאזאק״.

מיר האפן אז דער יידישער ליינער וועט זען, אז אונזער פארלאג איז געווען גערעכט מיט זיין אויסוואל און דאס וועט אונז דערמוטיקן אין די ווייטערדיקע אויסגאבן פון שענער ליטעראטור.

פארלאג „הספר״ לאנדאן.



דורכ׳ן קליינעם, נידעריקן פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו דער שטאַל־טיר, איז געקומען אַ געפּרעסטע שיין און זיך אין שטוב צעלייגט ווי אַ פוילער סנאָפּ.

מיט אַ נודנע ברום, פּריקרע ווי דאָס זשומען פון אַ פליג פאַרהאַלטן אין קלעם, האָט דער טאַטע אַרומגעשאַרעוועט אין זיינע גרויסע, פאַרטרוקנטע שטיוול. אָט האָט ער אָנגעשפּאַרט נעבען דער שוועל, און ווידער איז ער אויסגעקומען מיט׳ן פּנים צו דער בלינדער וואַנט, וואו ער כאַפּט געוויינטלעך אָפּ שמונה עשרה, נאָך איידער דאָס פערד וואַרפט פון זיך אַראָפּ די שלייע; פאַרנאַכט, ווען ער פאַלט אַריין מיד און פאַרכליאַנעט אין שטוב אַריין. ער האָט נישט אויפגעהערט צו גראָבן מיט די פאַרגעלטע, האַרטע נעגל פון די צעראַפּעטע, גראָבע פינגער אין דער געדעכט־אָנגעשלאָגענער באָרד, ווי אַ

פאַרפאַפּט קאַלעך בערשטעל, און אַלעמאָל זיך אויסגעקנאָקט די שליסל־ביינער פון די אומרואיקע הענט.

— וואו זאָל ער ערגעץ זיין, דער ממזר, האַ? . . . עפּעס זאָמט ער זיך צו לאַנג... האָט דער טאַטע זיך מיט אַ צוריקגעבליבענעם ציטער אין מויל אָפּגע־שטעלט ביי׳ם אויוון, וואו די מאַמע איז געשטאַנען און זיך געפּאָרעט מיט אַן ערדערנעם לאָדישטש.

— מען שיקט נישט אַרויס אין אַזאַ ביטערן טאָג קיין קינד אין גאַס אַריין—האָט זי געענטפערט מיט פאַרדרוס אין קול.

— אין דרויסן ווייזט עס אויס צו זיין אַביסל שטילער, אפשר איז מען שוין זייערע פּטור געוואָרן — האָט ער זיך געפּרואווט צו טרייסטן און מיט אַ פונק פון האָפענונג אין די פאַרוואָקסענע אויגן, ווי פאַרלייגט דעם פאַרזאָרגטן בליק איבער דער שטאָל־טיר, אונטער וועלכער דאָס פערד איז געשטאַנען פאַרשפאַרט און שוין דעם דריטן טאָג נישט געזען די לעבידיקע וועלט...

דאָס שטעטל האָט געצאַנקט ווי אַן איינגעטרוקנטער קנויט... אויסגעלאָ־שענע געסלעך האָבן זיך געקרומט ווי געשלאָגענע הינט, און אַן אימה האָט געלויערט פון די הייזער, וועלכע זענען געווען פאַרגאָסן מיט לעכטיקער זון...

מיטן וועג וואָס איז אין מיטן העלן טאָג געלעגן שטיל, ווי אָן אָטעם, איז אָנגעקראָכן אַ פאַרוואונדעטער אוקראַינישער זעלנער אין אַ גרויסער, דורכ־געשאָסענער קוטשמע, פינסטער אָנגערוקט איבער די דערשראָקענע אויגן; זיין אַלטער עסטרייכישער מיליטער־מאַנטל איז געווען צעפליקט און באַשפּריצט מיט בלוט. ער האָט געשלעפּט פון דער טאָרבע אַ שטיק קויטיקן באַנדאַזש און געפּלאָנטערט, געשאָלטן, געשריגן און גערופן פונדערווייטנס:

— העי׳, וואַרט נאָר אויס, העלף מאַכן אַ קניפּ . . .

— זאָג נאָר דו יינגל, ווי ווייט איז עס נאָך צום הויפּט טראַקט?

מיט אַ וואַכן בליק אין די פאַרקוועטשטע אויגן האָט דער זעלנער גע־טשאַטעוועט צי ס׳רייסט נישט אויף ערגעץ אין דער נאָענט נאָך אַ גראַנאַט, און מיט פאַרדרוס געזאָגט:

— מיר וועלן די פּאָליאַקן פאַרטרייבן ביז איבערן טייך סאַן... זיי האָט זיך נאָר איצט איינגעגעבן אונז אַ טרייב צו טאָן... אונזערע וועלן זיך נאָך צוריק אומקערן. . . .

אַראָפּגערעדט זיך פונ׳ם האַרץ, איז אים די צונג אין מויל ווי גרינגער גע־וואָרן און די פאַרלאָפּענע פּיס האָבן אים מיט פרישן אימפּעט ווייטער אַ טראָג געטאָן...

— ס׳איז נישט ווייט, גייט גיך ס׳זאָל נישט ווערן צו שפּעט, גייט גלייך און פאַרנעמט אייך מיט דער סטעזשקע — האָט אים מענדע נאָכגעשריגן די לעצטע ווערטער מיט אַ קינדעריש־פאַרציטערטן קול. אויפן זכרון איז אים דערביי געקומען אַן אַנדערער זעלנער, אַ שלעכטער, וואָס פלעג שטייען אויף פּאָסטן ביי דער שראַנק אין טאַרנאָפּאָל... נישט איינמאָל האָט יענער איבער־גענומען די פּאָר זעקלעך קלייען וואָס דער טאַטע האָט געפירט פאַרקויפן און אים אַוועקגעשלעפּט צו׳ם מאַגיסטראַט, וואו מ׳האָט פאַר דער סחורה באַצאָלט מיט גריוועניעס, וועלכע קיינער האָט שפּעטער נישט געוואָלט אָננעמען. דער טאַטע פלעג דערנאָך ליגן אין וואָגן צענויפגעדרייט פאַר צרות אויף די הוילע זעק, און מענדע, אָנגעטאָן אין רייט־הויזן און אין אַ בלוזע לויט דעם מילי־טערישן שניט, האָט אָנגעטריבן דאָס פערד אַהיימצוצוועגס.

— דער לעצטער... דער לעצטער... אָט וועט ער אַהיימלויפן און דער־ציילן, אַז ער האָט שוין געזען דעם לעצטן רוטענער אפּציען... — ער האָט אונטערגעטענצלט פאַר פרייד און אַ צופרידענער נאָכגעקוקט ווי דער פאַר־וואונדעטער דערווייטערט זיך מיטן טראַקט. אויפן געדאַנק איז אים געקומען דאָס גניאַדע פערד, וואָס ער פירט שוין זינט עטלעכע טעג נישט אַרויס אָנ־פּאָיען, אויס מורא מ׳זאָל עס נישט כאַפּן אויף „פאַרשפּאַן“, און עס האָט אים מיטאַמאָל שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרץ, ער האָט זיך דערמאָנט ווי דער טאַטע דרייט זיך דאָרט אַרום אין דער היים ביי׳ם פענצטער און היט פון איב־דערפּרי אָן די שטאַל־טיר. . .

אין איינוועגס האָט ער דערווייל נאָך אויף גיך געוואָלט אויסשמעקן ווער פון די ייִנגלעך אין שכנות, וואָס זענען מיטן ריקצוג פאַרשלעפּט געוואָרן פון

די סאָלדאַטן טרייבן בהמות, איז שוין אהיימגעקומען; ער וואָלט זיך געקאָנט וועטן מיט דער גאַנצער באַנדע, אַז נאָך היינט וועט עס נעמען אַן עק, אַז דער טאַטע וועט אים לאָזן אַרויספירן דעם גניאַדע און אַז ער וועט אויף אים פאָרן רייטנדיק צו׳ם וואַסער... די האַנט האָט אים אַזש אונטערגעבריט און ער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן הינטן אין גראָבן פלייש; די טירן פון די ווייסע דערשראָקענע הייזלעך זענען אָבער אומעטום געווען פאַרמאַכט.

מענדע האָט זיך פאַרקערעוועט צו׳ם ליימיקן בערגל מיט די צלמים ביי דער זייט. פלוצים האָט עס אים פונסניי ווי פאַרכאַפּט דעם אָטעם; נאָך צוויי אוקראַינישע זעלנער מיט ביקסן זענען אָנגעקומען און האָבן געפירט צוויי געפאַנגענע פּאָליאַקן...

ער איז אַוועק אין איין געיעג און איבערגעלאָזט אונטער זיך אַן אויפגעהויבענעם שטויב.

אין דרויסן איז געווען הייס. די פּאָר ביימלעך אויפן ליימיקן בערגל האָבן קיין שאָלעשטש ניט געטאָן און די געדעכטע לופט האָט ווי אַ שוואָם איינגעזאָפּט אין זיך דעם טעמפּן אָפּהילך פון די קאַנאָנען. די הייליקע מוטער מאַריאַ, אויס־געהאַקט פון פאַרגעלטן שטיין, און יעזוס מיטן פאַרקרומטן קאָפּ, אויסגע־קוועטשט פון אַ קליין שטיק מעש און אויפגעהאָנגען מיט צעשפּרייטע הענט אויפן הויכן, ראבענע דראָנג, האָבן טויב געגלאָצט אַנטקעגן דער הייסער זון, וואָס האָט זיך אונטער אַ ווייכער דעק פון זומערדיקע וואָלקנס געברוינט ווי אַ קאָרזש אין אויוון.

די אָנגעקומענע באַוואָפנטע אוקראַינישע זעלנער האָבן פונדערווייטנס אָנ־געשטעלט די טונקעלע פּנים׳ער אויפן שטעטל און געוואָרפן אַ נישטערדיקן בליק, וואָס האָט זיך קאָלט געשניטן צווישן יידישע הייזער און אויף אַ ווײַלע מיט האָפנונג זיך פאַרהאַלטן ביי אַ פעסטן, באַלעבאַטיש־ברייטן טויער.

ביי איינעם פון די סאָלדאַטן, אַ לאַנגער גוי, מיט טעמפּע, גראָע אויגן, האָט די צונג זיך אַ שנייד געטאָן שאַרף, ווי אַ מעסער:

— צלמ׳ט אייך הינטישע זין, מיר גייען אייך שיסן. . .

די צוויי געפאַנגענע פּאָליאַקן, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעשלעפּט, האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ ווי דערשראָקענע שאָף.

— אַ „פּאָדוואָדע" מוז מען דאָרט נעמען...

— צוערשט מוז מען מיט זיי פאַרענדיקן... — האָבן די אוקראַינער זיך דורכגעשמועסט, פאַרוואָרפן אויף די אַקסלען די ביקסן מיט די שאַרפע שפּיזן, הויך פאַריסן איבער די קוטשמעס מיט די אַראָפּגעלאָזטע, רויטע ווערכעס און דערביי נישט אויפגעהערט צו טראַכטן:

— די שעה זאָל נישט זיין אַריינצופאַלן די פּאָליאַקן אין די הענט אַריין.

— יאָג זיי אונטער און ברענג זיי שנעלער דעם טויט — האָט איינער באַפוילן דעם אַנדערן.

— מאַרש ! — האָבן זיי אַ טרייב געטאָן די געפאַנגענע. און די פויערישע ציין האָבן זיך ביי זיי פאַרהאַקט ווי די ריגלען אויף די טירן פון אַ תפיסה און הינטער זיך פאַרשפּאַרט דעם געשריי פון געוויסן...

די צוויי פוילישע זעלנער האָבן זיך גענומען וויגן פאָרויס, זייערע אויגן זענען פאַרגלייזט און אָנמעכטיק געגאַנגען ווי אין חלום; די שווער געוואָרענע, שוואַרצע, צעראפעטע באָרוועסע פיאַטעס פון די פיס, ווי ראַזאָווע פּלעץ, האָבן זיך אָנגעהויבן צו צעברייטערן און די הענט האָבן זיך נאָכגעלאָזט ווי די צווייגן פון אַ בוים, וואָס לעבן איבער אַ שטורם. באַלד איז די זון, ווי אַ שווערע לאַסט פאַמעלעך אַראָפּגעפאַלן פון זייערע איינגעבויגענע, מידע רוקנס און ס׳איז איבער זיי געפאַלן אַ גרויער שאָטן, וואָס איז געלעגן איבערן ברייטן טאָל. איבער זייערע קעפּ האָט אַ גראַנאַט אַ פייף געטאָן און אָנגע־שלאָגן אין דער הילצערנער וואַסער־מיל; פון דעם געדעכטן, שוואַרצן רויך, וואָס האָט זיך פאַרשפרייט איבער די גרינע לאָנקעס, האָט זיך אויסגעשיילט אַ טשאַטע טויבן. זיי האָבן ווי אַ זילבער־גראָער ווירבל געקרייזט אויף איין אָרט און נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון זייערע צעשטערטע נעסטן. דאָס אָפּ־געריסענע און אָפּגעשליסענע גויאישע קליינוואַרג, וואָס האָט זיך שוין מער נישט געשראָקן פאַר דעם שיסן און זיך שטענדיק געוואַלגערט אין די ריוועס, וואו זיי האָבן געזוכט די מעשענע הילזן פון די אויסגעשאָסענע קוילן, איז זיך צעלאָפן מיט אַ געפילדער.

— דרייט אויס אייערע פאַרשיווע פנימ׳ער צו גאָט... — די רוטענער האָבן זיך אַלץ מער געבייזערט און געוואָלט מיטן כעס דערווערגן דעם אינערליכן ציטער פון האַרץ.

— ס׳וועט ווערן שפּעט צו כאַפּן אַ „פאָדוואָדע״!... לאָמיר לויפן...

— שיס!

— ניין, שיס דו!

— לאָמיר ביידע שיסן...

די ברייטע רוקנס פון די פיר זעלנער און דער אייגנאַרטיקער שפּיל פון קאָליר אין דעם בלאָנד פון זייערע האָר האָט דערמאָנט אין די קערנדיקע שטאַ־מען, וואָס געראָטן אויף דער שוואַרצער און זאַטער פאָדאָליער ערד.

די געפאַנגענע האָט אָנגעהויבן צו זשומען אין די קעפּ, זיי זענען געוואָרן

שטאַרק בלייך, האָבן זיך צעווײנט און איינגענורעט די גאָמבעס אין די גרויסע לאַצן פון די שווערע, פראַנטעוואַטע, אָבער ברודיקע האַלערישע־מאַנטלען *)

די אוקראַינער האָבן אָנגעשטעלט זייערע ביקסן און ס'האָט הילכיק אָפּגעבליצט אַ שאָס נאָך אַ שאָס...

ווי דורכגעלעכערטע פּעק שמאַטעס, זענען די צוויי פּאָליאַקן אומגעפאַלן מיט גסיסה פּנימ'ער צו דער ערד...

ס'ביסל בלוילעכע פּילווער־רויך, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין דער לופטן, האָט זיך פאַרפּלאָכטן אינ'ם גאָלדענעם שיין און זיך צערונען אינ'ם שאָטן פון אַ פייגעלע, וואָס האָט אין דער הויך מיט זיינע צעשפּרייטע פליגעלעך געפאָכעט אונטער דער זון, וועלכע איז איצט געשטאַנען און געבלוטיקט; בלינד, ווי אַן אויסגעזעצט אויג.

*) לויטן נאָמען פון גענעראַל האַלער, וואָס האָט אויסגעריסטעט זיין אַר־מעע אין פראַנקרייך.



מענדע איז אַריינגעפאַלן אין שטוב אַריין נישט טויט נישט לעבעדיק, קוים וואָס ער האָט געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, און געבראַכט צוטראָגן אַ מויל פול אָנגעשטאָפּט מיט נייעס:

— די פּאָליאַקן האָבן ערגעץ אַריינגעשאָסן אַ גראַנאַט... פּעטער זכריה׳ן האָט מען געכאַפּט אויף פאַרשפּאָן...

פּאַר לויטער אומרואיקייט זענען דעם קינד די נאָזדרעלעך געוואָרן צעבלאָזן, ס׳האָט אויף זיי אַרויסגעשלאָגן אַ בלייך־גראָלעכע מאַטקייט, און דערמאָנט אין דער באַרווע אויף אַ פלוים, אָפּגעריסן אין אַן אינדערפריענדיקן פרעסטל. פון אונטערן קאַשקעטל מיטן אָפּגעטרענטן דאַשעק האָט זיין טשיפּיקל געדעכטע האָר אַפּירגעקוקט ווי געפּלעפּט, ער האָט אויפן טאַטען אַראָפּגעלאָזט אַ רחמנות בליק און די אויגן זענען אים שיעור נישט אַרויסגעקראָכן

ווען דאָס יונגע ביי־קול׳עכל האָט זיך אים פונ׳ם פאַרצויגענעם אָטעם אַ ריס געטאָן דין און פאַרשפּיצט:

— נעבן צלם האָבן זיך אָפּגעשטעלט זעלנער מיט ביקסן...

דערביי האָט מענדע, ווי פאַרגעסנדיק זיך אויף אַ מינוט, פאַרלוירן אַ זשעדנע בליק אויף דעם שוואַרצן, ערדערנעם טאָפּ, וואָס די מאַמע האָט אַרויס־געשטעלט פון די הענט:

— מאַמע, כ׳בין הונגעריק. . .

די מאַמע, וועלכע איז געבליבן ווי פאַרשטיינערט אויפן אָרט, האָט אויפגעהערט שיילן די קאַרטאָפל, די הענט זענען איר פאַרסטופּעניעט געוואָרן און זי האָט געלאָזט די שאָלעכץ אַראָפּפאַלן אויף דער ערד. מיט זייער גאַנ־צער גרויזאַמקייט האָבן אין איר אויפגעוואַכט דורכגעבלוטיקטע מלחמה־איבערלעבענישן, אויף וועלכע איר זכרון איז געזעסן ווי אַ הון אויף פאַרזע־סענע אייער... שוין זעקס יאָר אַז מ׳שלאָפט נישט איבער רואיק די נאַכט... נאָך איידער די ערשטע שחיטות האָבן אויפגעהערט שלאָגט מען זיך שוין ווידער; זעקס יאָר אַז מען מאָרדעוועט זיך און מען געווינט אַ קרענק, נאָר מען נעמט אַרויס די נשמה... די פּאָר חדשים וואָס די אוקראַינער זענען גע־ווען ביי דער מאַכט האָט מען אפילו נישט שלעכט פאַרדינט, אָבער דער מאַ־מען פלעג דאָס האַרץ אַנטפאַלן ווערן, ווען מען האָט זיך אונטערוועגס גע־זאָמט און מען איז נישט אַהיימגעקומען צו דער צייט. די סאָלדאַטען פלעגן באַפאַלן, אָפּרויבן און אַמאָל נאָך דערהרגענען אויך... שטאַרק האָט מען זיך געשראָקן פאַר דעם ריקצוג וואָס זיי האָבן איצט געמאַכט, מען האָט מורא געהאַט זיי זאָלן נישט מאַכן אַזעלכע פּאָגראָמען ווי אין רוסלאַנד... מיטן פערד און וועגעלע איז מען אינגאַנצן געווען איינגעשטעלט, מען האָט עס געהיט מיט אַלע חושים און כסדר געהאַלטן ס׳האַרץ אין די הענט... אַ שווערער גאַנג, אַ קלאַפּ אין דער טיר, האָט אַרויסגעיאָגט די נשמה; יעדער לעכטיקער שיין האָט מיטאַמאָל ווי אויסגעוועפּט פון אירע דערשלאָגענע אויגן, אַ פאַר־פינצטערטע האָט זי זיי אַראָפּגעלאָזט אויף מענדען, וועלכער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין ווינקל ביי דער וואַנט, וואו עס איז געהאָנגען דאָס מזרח־

בילד, באַהאַפּטן מיט שפּינוועבס און געוויזן ווי משה מיט אהרונען טראָגן די ליחות... זי האָט שטום פאַרבראָכן די הענט און פאַרהויבן אַ שפּיץ קויטיק שערצל צו דער לאַנגער, דאַרער נאָז, וועלכע האָט זיך קאַלט און בלאָס גע־מינעט, ווי אַן אייז צעפּל אין בלוילעכן שאָטן און מיט אַן אויסגעהוילט קול זיך געווענדעט צום טאַטען:

— גיי כאַטש אַרויס פאַר דער שוועל און טו אַ קוק וואָס ס׳טוט זיך אין דרויסן, אפשר האָט שוין גאָט געהאָלפן און דער פּוילישער פּאַטרול איז שוין אַריין.

דעם טאַטען האָט עס אַ טרייב געטאָן, באַגלייך ער וואָלט וועלן לויפן באַהאַלטן די שטאָל. די געדעכט־אַנגעזויאַקסענע האָר אויפן פּנים האָבן אים גענומען שטעכן.

— וואו זענען זיי אַהינגעקומען די זעלנער, האַ, מענדעי?... — האָט ער מיט אַ פאַרבאַהאַלטענער טיפער מורא געפרעגט, און שטילערהייט זיך אַרויס־געדרייט אין דרויסן. אין זייער פאַרטראַגנקייט האָבן זיינע אויגן ווי אַוועק־געשאַרט מיט די פאַרשטייבטע ווייעס די ווייכע שטראַלן פון דער זון. פּלוצים האָט ער אָנגעשטעלט די אויערן וואַך, ווי אַ הונט, וואָס דערשפּירט עפּעס.... ער האָט דערהערט קולות אין שכנות:

— גיב אַ „פּאַדוואָדע״, אַז נישט וועלן מיר דיך דערשיסן און אַוועק־טראָגן הינטער דער מיל, דאָרט וועלן מיר דיך וואַרפן פאַר די חזירים אינ־איינעם מיט די פאַרשאָלטענע פּאָליאַקן וואָס מיר האָבן ערשט דערשאָסן!!!

ביי פישל דזשיאַבאַק, ביי וועמען ס׳פלעגן שטענדיק שטייען די האַלבע טויערן פון דער פּאַדווירע ברייט צעעפנט און פאַריסן ווי די פּאָלעס פון אַ פאַרשמייעטן חסיד, איז אַלעס געווען אונטערן שלאָס. דער פעטער קאָרק האָט זיך ביי אים געקנייטשט, ער האָט אין דער פאַרציטערטער פליישיקער האַנט געהאַלטן אַ זשמוט קנאַקנדיקע, פּאַפּירענע גריוונעס און זיי געשטופּט צו די צעיושעטע זעלנערישע אויגן:

— באַהאַלטס, באַהאַלטס דאָס געלט, מענטשן קלוגע — האָט ער גע־שטאַמלט און אָנגעשטרענגט די שמאַלציקע אויגן, אין וועלכע ס׳האָט גע־

גלאַנצט חניפה, צודעקנדיק די אינערלעכע שרעק. ער האָט אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אָנגעבלאָזען ווי אַ פּיאַווקע און געשעפּטשעט צו די זעלנער:

— גייט, גייט דאָרט אַהין... דאָרט אין יענער שטוב...

די שאַרפע, שטאָלענע שפּיצן פון די צוויי ביקסן, וואָס האָבן זיך אַ קער געטאָן צום נידעריקן שטיבל, האָבן אכזריות'דיק געבלישטשעט אין שיין פון דער זון, און די צוויי פּוטערנע קוטשמעס האָבן, ווי די קעפּ פון ווילדע חיות אַ שווינדל געטאָן דעם טאַטען פאַר די אויגן. ס'האַרץ האָט אים אָנגעהויבן צו זעצן:—אוי, ער האָט זיי מיר אָנגעשיקט...— זיינע הענט האָבן זיך צעשפּרייט, ווי די פליגל פון אַ דערשראָקענעם פויגל, ווען ער דערזעט אַז מ'גייט אים באַרויבן די נעסט... מיט זיין ברייטן רוקן איז ער צוגעפאַלן צו דער שטאָל טיר און ווי געוואָלט זי אַזוי אַרום פאַרשטעלן..



דאָ איז די טיר פון דער שטאַל נישט געווען באַוואָרענט מיט קיין איי־זערנע שטאַבעס, פאַרלייגט מיט פרענטעס און ריגלען, ווי ביי פישל דזשיאַ־באַק. די טיר האָט זיך געעפנט פונ׳ם ערשטן שטויס, וואָס איינער פון די זעלנער האָט דערלאַנגט מיטן האַרטן שפּיץ פון זיין גרויסן, פאַרטרוקנטן שטיוול. איבערן פערד האָבן די זלידנע פליגן מיט די בלאָלעך פּעטע בייכלעך זיך בייז צעזשומעט.

— ס׳איז דאָ אַ „פּאָדוואָדע״!!! — די זעלנער האָבן זיך צעשריגן פאַר פרייד. אויף זייערע טונקעלע, האַרטע פּנימ׳ער, ווי פון אויסגעברענט ליים, איז געבליבן שטיין אַ צעפרידענער אויסדרוק, וועלכער איז אָבער ווי געטראָפן געוואָרן פון צוויי פּאָר דערשראָקענע אויגן, וואָס דער טאַטע און דאָס פערד האָבן אויף זיי אָנגעשטעלט...

— שפּאַן איין דאָס פערד, גיכער, ייד!!!

— וואָס טוט מען, וואו אַהין לויפט מען, צו וועמען זאָל מען שרייען... — איז דער טאַטע געקראָכן פון דער הויט. זיינע פינגער האָבן ווי פון זיך אַליין זיך אַריינגעפלאָנטערט אין דער געדעכטער באָרד אַריין און ווי מיט צוואַנגען געוואָלט פון דאָרט אַרויסשלעפן אַ געדאַנק מיט אַן אויפטו... כאָטש צערייס דיך, איז אים אָבער גאָרנישט איינגעפאַלן... אויסקויפן קען מען זיך נישט, קיין געלט אין שטוב איז נישטאָ... אים איז ביטער געוואָרן אין מויל. מעכאַ־ניש האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער שטוב און גענומען קלאַפּן אין פענצטער:

— קומט נאָר אַרויס, גיך!!!

פּלוצים האָט זיך אים ס׳פּנים אינגאַנצן פאַרפינצטערט און דער בליק אין זיינע אויגן איז פאַרענדערט געוואָרן, ווי ס׳פאַרענדערט זיך דאָס לעכט פון טאָג, ווען ס׳דאַרף אין דרויסן אָנרייסן אַ ביטערער שטורם. מיט אַ פאַרביטן קול האָט ער גענומען שרייען:

— הרג׳עט מיך, כ׳וועל נישט פאָרן, מיר זענען אָרימע מענטשן, דאָס איז אונזער ברויט... ס׳גאַנצע לעבן אָפּגעבידעוועט ביז מ׳האָט זיך עס דערהאַ־ביעט... — איבערן פאַרוואַקסענעם פּנים און איבערן קאָפּ ביז אין די וואָרצלען פון די האָר האָט אויף אים געשלאָגן אַן אַנקסטן שווייס... — אָט, אָט וועט גאָר

נישט זיין צו וועמען צו רעדן... ער איז צוגעלאָפן צום וואָגן, זיך אָנגע־שפאַרט אין קולפּאַק און אַ גראָבע פּאַרפּראַצעוועטע האַנט האָט זיך ביי אים ווי אַ האָקן פּאַרבויגן איבער די ספּרעכעס פונ׳ם ראָד:

— נעמט נישט אַוועק, נעמט נישט!!!

די זעלנער האָבן דערוויל פון דער שטאַל אַרויסגעפירט דאָס פערד, וואָס האָט געפּאָכעט מיטן וויידל און פון זיך געטריבן די פליגן, זיי האָבן עס גענו־מען שפּאַנען און דעם טאַטען אָפּגעטריבן אין אַ זייט, ווי אַ פּריקרע זאַך, וואָס שטייט אין וועג.

— נאַרישער ייד, דו! דו מוזט אונז אַביסל אונטערפירן... מיר וועלן דיך צוריק אַפּלאָזן, האָב נישט קיין מורא — האָבן זיי דעם יידן איינגענו־מען, און באַלד ווידער אויפגעזאָגטן:—צו די פּאָליאָקן וועסטו עס אַליין אַוועק־פירן, העי כאָלעראַ, זיי וועלן אָבער נישט דערלעבן אַריינצוקומען, די אויס־געסטראָיעטע כלבים, אונזער אַרטילעריע וועט זיי נאָך אין טאָל דערלאַנגען...

אין זיין יאוש האָט דער טאַטע זיך אַ קער געטאָן צו דער מאַמען און צו מענדען, וועלכע זענען גראָד אַרויס פון דער שטוב. אין שאָטן פון די צוויי זעלנער מיט די אָנגעריקטע קוטשמעס און ברייטע הויזן, האָט די מאַמע אויס־געזען קליין, נאָר שאַרף און פּאַרשפּיצט ווי אַ קוואָטשקע, וואָס קוקט אַ דער־שראָקענע, איז אָבער דערביי גרייט זיך צו וואַרפן אויפן אָנפאַלער מיט די פליגל און מיטן שנאָבעלע.

— זיי נעמען אַוועק דעם פערד און וואָגן אויף „פּאַרשפּאַן“, הערסט, עך וועל נישט פאָרן, כ׳וועל נישט פאָרן, זאָג עך דיר...

— פישל דער מוסר האָט זיי אָנגעשיקט... ברענען זאָל ער ווי אַ לעכט... זיי וועלן מעך פּאַרשלעפּן איבער דער גרעניץ... ווי פון אַ פּאַס מיט געפּלאַצטע רייפען האָט פון אים אַרויסגעדרינזשעט אַן איינגעטרוקנט קול, ער האָט זיין פּאַרביטערט האַרץ זיך גענומען אויסלאָזן צו דער מאַמען, באַ־גלייך ווי זי וואָלט אין דעם אַלעמען שולדיק געווען...

דער מאַמען האָט געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. די האָפנונג, אַז אַבי מ׳וועט זיך מיט גאָטס הילף נאָר איבערמוטשן דעם ביטערן טאָג און פּטור ווערן פון

די שרעק, וועט מען יאַקאָש פאַרדינען מיטן פערד און וועגעלע אויף איבער־צוקומען די וואָך, אָט די האָפנונג איז איצטער אינגאַנצן אויסגערינען און נישט איבערגעלאָזט קיין סלעך און קיין דעך. מיט דער גאַנצער דערפאַרנקייט פון אַ מענטשן, וואָס האָט אין די לאַנגע מלחמה־יאָרן שוין גענוג זיך אָנגע־פרעסן מיט צרות און מיט אָרעמקייט, האָט זי מיטאַמאָל קלאָר באַנומען אַז מיט הוילע רייד וועט זי ביי די היידאמאַכעס גאָר נישט פּועלן, און אַז מיט דעם מאַן אירן דעם עקשן, דעם „געפענטעטן האָן", קען מען נישט „גייען אין דער מלחמה אַריין". זי האָט נישט געקאָנט לענגער איינשטייען אויף אַן אָרט און אָנגעהויבן אַרומלויפן, ווי געטריבן פון שטאַרקע קרעמפּפן. דאָס געקעסטלטע קלייד מיטן טיפן פאַלדבאַנד, איז אויף איר נאָך לענגער געוואָרן און די פאַטשיילע אויפן קאָפּ האָט אָנגעשפּאַרט העט ווייט... אין דער רגע איז אין איר צייטיק געוואָרן אַ פאַרצווייפלטער געדאַנק. זי האָט זיך אונטערוויי־לעכטס צוגערוקט צו מענדען און מיט אַ פריקרע צעקראַכנקייט אין קול, וואָס איז נישט געווען צוגעוואוינט צו קיין צאַרטן טאָן, געזאָגט:

— פאָר דו, מענדע! פאָר ליובע מיט זיי אויפן פארשפּאָן.—די בלייכע, געקאָרטשעטע הויט פון איר פנים האָט זיך פאַרקרומט און געקריגן אַ פריקרע קנייטשעלע. דערנאָך האָט זי מיט אַ כליפּנדיקן זיפץ זיך געבעטן ביי די זעלנער:

— פאַרנעמט נישט דאָס קינד איבער דער גרעניץ... איר זאָלט אים באַלד אָפּלאָזן אַהיים....

ווי אונטער די הענט איז מענדע אַהינגעקומען, און אין אַ ווילע אַרום איז ער שוין אויסגעוואַקסן אויפן וואָגן. מיט אַ מענעריש געזעצטן אויסדרוק אויף די פאַרויטלטע בעקלעך האָט ער נאָכגעשריגן:

— גיב מיר עפּעס מיט, מאַמע !...

די שפּיץ אויערן זענען אים געוואָרן פאַרפלאַמט און די גרויסע אויגן, ווי די ווייטע זונען, האָבן זיך אין אים טיף צעשפּילט.

— פאָר, דו קליינער קאָזאַק ! — האָט אַ גראָב סאָלדאַטסקע קול אונטער־געטריבן.

אַ צעטראָגענע האָט זיך די מאַמע ארומגעפּאָרעט אין קיך, ביז זי האָט געטראָפן צו די רעשטלעך איינגעזייערטע אוגערקעס אויפן דנאָ פון טאָפּ, און אין איינוועגס האָט זי אַרויסגעשלעפּט אַ האַלב, אַלט געבאַקן, ראַזעווע ברויט און די לעצטע צוויי אָפּגעשפּאָרטע דאַרע בולקעלעך פון דעם שבת׳דיקן „בולקע־פלאַץ״.

— וואַרט אויס, מענדע ! ! ! — האָט פון דער שטוב אַרויס זיך געהערט איר ציטרנדיק פאַרצויגן קול.

— העי, ריר דיך, ס׳איז נישטאָ קיין צייט, די פּאָליאַקן וועלן אונז פאַר־כאַפּן ! — האָבן אים די סאָלדאַטן אומגעדולדיק געאיילט..

מענדע האָט זיך וואויליונגעריש אַ ציי געטאָן און נאָך מער זיך פאַרויטלט.

— זאַרעז, זאַרעז....

נאָכגעלאָזט די אויסגעמאַטערטע ביינערדיקע נאָז, וועלכע האָט דערמאָנט אין אַ האָקן וואָס בויגט זיך איין אונטער אַ שווערער משא, איז די מאַמע צו־געלאָפן צום וואָגן און מענדען אָנגעשטופּט די קעשענעס. פּלוצים האָט זי אַ קוק געטאָן אויף די צוויי קוטשמעס און האָט מיט אַ טרייסל אין די פינגער זיי דערלאַנגטביידע בולקעלעך.

— נאַט אייך אויך, נעמט !... — האָט זי זיי אונטערגערוקט די חלה.

דער טאַטע האָט מיט איבערגעשראָקענע אויגן אַריינגעקוקט די זעלנער אין די פּנימ׳ער. עפּעס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז זיי זיינען גאָר באַ־קאַנטע גויים, נאָר ער קען זיך נישט דערמאָנען וואו ער האָט זיי געזען....

סטעפּאַנע... יעוואסיאו... האַ... וואָס טוט איר ? ביי מיר נעמט איר אַוועק דאָס פערד און וועגעלע ? ביי מיר אַן אָרעמאַן... — האָט ער ווי אַ דערשלאָגע־נער זיך געקלאָגט, כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז דאָס זענען אַרויסגעוואָר־פענע רייד.

— פאָר, ווייל איך שיס...

די זעלנערישע רציחה האָט מיט איין קלאַפּ אויסגעניכטערט דעם טאַטן, ער האָט מיט דער ברייטער, האַרטער דלאָניע אַ גלעט געטאָן דעם רוקן פון פערד. אין זיינע אויגן האָט זיך אָפּגעזעצט אַ שולדיקער בליק:—היט אָפּ

דאָס פערד און וועגעלע, מענדע !... — האָט ער הכנעה׳דיק זיך געבעטן ביי׳ם זון.

מענדע האָט אַפּגעפּרעסט צווישן די הייסע ליפּן אַ כוואַטסקע צמאָק, אַ קנאַק געטאָן מיט דער געדיכט־געקניפּטער לעדערנער בייטש אויף דעם געפּלאָכטענעם, ווייכן פּוזשעלע שטעקן און מיט אַ הויכן „וויא״ ! זיך געלאָזט צום טראַקט, צווישן די הויך־פּאַרוואַקסענע, גרינע לאָנעס, איבער וועלכע די זון האָט געגאָסן אַ זילבערנעם בליאַסק, וואָס האָט זיך שטרעקעסווייז גע־כוואַליעט גוי איבער אַ שטילן ים.

אַ שניידיקער ריס פון אַ שראַפּנעל האָט דורכגעשניטן די לופט. דאָס פערד האָט אַ בויג געטאָן מיטן דישל און אים שיעור נישט צעבראָכן. מענדען זענען די לייצן אין די הענט געוואָרן לויז.

— גיב נאָר אַכטונג, העי דו, האַלט נאָר גוט דאָס פערד... אָט אַ כאַנדרע, האָט מורא פאַר אַ קויל, דו קענסט נישט אָנטרייבן, קער דיך אום און שיק אַהער דעם אַלטן!!!... מיר ווילן נאָך היינט דערפאָרן קיין טאַרנאָפּאָל...

מענדע האָט קוים געהאַט אַרויסגעלאָזט פון אויג די הייזלעך, וואָס האָבן נאָך אין געהאַנק געשווינדלט ווי איבערגעשראָקענע טויבן, וועלכע ער לאָקט מיט זערנע...

— איך שרעק זיך נישט, איך בין שטענדיק אַרומגעגאַנגען אין דרויסן און געהערט די גראַנאַטן שוויפּטשן... דער טאַטע וועט נישט פאָרן, ער איז איבערגעשראָקן...

מענדע האָט זיך געפּרוווט מאַכן האַרץ, און זיך פּאַמעלעך אָנגעהויבן פילן פעסטער ביי זיך. ער האָט גוטברודעריש געפּינטלט מיט אַן אייגל צו די זעלנער אין וואָגן און מיט שטאָלץ גענומען אונטערטרייבן דאָס פערד.

פון ביידע זייטן זענען די פעלדער געווען פאַרגאָסן מיט הויכע זאַנגען, זיי האָבן געשמעקט מיט אויסגעטראָגענער, געזונטער פּראַצע, וואָס די פּויערים האָבן אַריינגעלייגט אין דער ערד. דאָ און דאָרט זענען אַרויסגעשווומען בערגלעך קברים מיט הילצערנע צלמים און זיך פאַרלוירן צווישן צעוואָרפענע גריבער פון אַלטע שאַנצן... דער גניאַדע האָט מיט אַלץ מער אומפעט געוואָרפן די פיס, געפּלאָכטן אַ שאָטן אין אַ שאָטן, געטראַסקעט פאָרויס מיט די אייזערנע פּאָטקאָוועס איפן שטיינערנעם וועג, וועלכער האָט זיך געשפּרייט, ווי אַ לענטע, וואָס ווערט געשיקט און מיט אַ פייף פאַרוואָרפן פון אַ היצל. וועקנדיק מיט זיך נייגעריקייט און מורא...

פון די זייטיקע פעלד־וועגן זענען אָנגעקומען טריינען מיט פאַרוווּנדעטע אוקראַינישע זעלנער. מענדע האָט זיך דערפרייט מיט די קליינע, באָרוועסע שקצימלעך, וואָס האָבן אָנגעטריבן.

— העי, לאָז אויסמיידן —, האָט ער געשריגן, און שטאַרקער געיאָגט דאָס פערד.

די טעלעגראַפן שטאַנגען האָבן הויך געזשומעט. אויף די דראָטן האָבן זיך פייגעלעך געזילבערט און מיטן קוק ווייטער אַוועקגעפּאַטשט...

די צוויי סאָלדאַטן האָבן אַלעמאָל אַרויסגעהויבן די קעפּ, אָנגעשטעלט די ביקסן, נאָר אויסצושיסן. אַ קללה נאָך אַ קללה איז געלאָפן צום הימל, וועלכער איז אין מיטן געווען אינגאַנצן צוגערוימט און לויטער ווי אַ ווייטער פוסטער סטעפּ. די זון האָט שוין אָנגעשפּאַרט העט ווייט...

אינ׳ם געיעג פון די געדאַנקן, וואָס איינער איז דעם אַנדערן ווי אויפן קאַרק געלעגן, איז מענדען אַרויפגעשווומען דער פעטער זכריהו, מיט דער געדעכטער, ברייטער באָרד אַריינגעלאָזט אין שטייפן, הויכן קראַגן פונ׳ם אַלטן מיליטערישן ראָק, ווי ער שטייט ביי זיי אין שטוב, אַזוי אָ, אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע אין דער הרובע, ווען ער איז געקומען אויף אורלויב און ווי ער דערציילט, מיט אַלע פּיטשעווקעס, וועגן דעם עסטרייכישן זעלנער, וועלכן ער האָט געגעבן אַ פּאָר גוטע רייב אונטער די דזשאָבערעס און אים אַפּירגעשלעפּט פון אונטער אַ באַרג ערד, וואָס האָט אים פּאַרשיט, אַז נישט וואָלט ער געווען דערגאַנגען, ווי אַ צוגעפּלעטשטע מויז... און אָט האָט מענדען אין זכרון זיך אַ שטופּ געטאָן אַ שטאַרקערער געדאַנק, די בייטש אין דער האַנט האָט אים אַ רייץ געטאָן, ער האָט איצט זייער געוואָלט אָניאָגן דעם פעטער, כאָטשע ער האָט אים פיינט און טיף טייער אין דער ערד, ווייל דער פעטער זכריהו האָט נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז דער טאַטע זאָל זיך אויך קויפן אַ פערד און וועגעלע... — זאָל ער זען דער פעטער, ס׳זאָלן אויף וואַקסן גרינע בלעטער, אַז איך ראַטעווע דאָס לעבן פון צוויי זעלנער... —

פּלוצים איז אים אַ געדאַנק אונטערגעלאָפן און אַ קער געטאָן דעם בליק, ער האָט אַ שטיק וועגס געקוקט אין די זייטן נעבן טראַקט, צי איז דאָרט ערגעץ נישטאָ יענער פאַרוואונדעטער, וועמען ער האָט פריער געהאָלפן פאַרבונדן די צעבלוטיקטע האַנט, פּאַמעלעך איז אים דער געדאַנק איבערגעגאַנגען אין אַ געפיל פון רחמנות צו די צוויי שטאַרקע סאָלדאַטן, וואָס ער האָט געפירט

אויפן וועגעלע... — תמיד שניידן ביטער אָפּ די לעצטע ביי אַ ריקצוג — האָט ער געטראַכט... — וויאָ, גניאַדע...

די זון האָט זיך געריוטלט און זיך געזעצט. פונדערווייטנס האָבן געגומען אָניאָגן גרויע וואָלקנדלעך, ווי זיי וואָלטן איר וועלן פאַרלויפן דעם וועג.

מענדע האָט גענומען שטאַרקער טרייבן דאָס פערד. ס'האָט אָבער שוין געפּלאָנטערט מיט די פיס און אָנגעהויבען נאָכצולאָזן די פּאָסטעראָנקעס. דער בויך איז אים געוואָרן ליידיק ווי אַן אויסגעבלאָזענער בייטל. ס'זענען אים אָפּגעשטאַנען די אָפּגעטריבענע באָקעס, ווי אָפּגעפּאַטשטע פליגל. פון דער אונטערשטער מאָרדע איז דעם פערד געריננען הייסע פינע און די פאַרשוויצטע לעכער ביי די שלייפן אַרום די מידע אויגן זענען אים טיפער איינגעפאַלן...

— ט פּ ר ר ר . . . מענדע איז פלינק אַראָפּגעשפּרינגען פונ'ם וועגעלע און אויפגעצוימט דעם גניאַדע. — פּרעס, — האָט ער אים אָנגעוויזן אויף אַ ביסל גראָז...

— דאָס פערד שטייט צו, מען מוז עס פּאָדפּאַסן, — האָט ער, ווי פאַרשעמט און דערשראָקן, געזאָגט. ער האָט געזען ווי די סאָלדאַטן, וועלכע זענען אין וואָגן געלעגן ווי שווערע פּניאַקעס, וואָס ער שלעפּט אַמאָל מיטן טאַטן פונ'ם וואַלד, הויבן מיט די ברייטע פלייצעס און קוקן אָנגעשטרענגט אַפילו פון אונטער די גרויסע, פוטערנע קוטשמעס...

— די פלאַנקן קערן נאָך האַלטן, — האָבן זיי זיך איבערגערעדט, און אַ זאָג געטאָן צו מענדען — מיר וועלן פאַרפאָרן אין אַ נאָענטן דאָרף און דאָרט בייטן די פּאָדוואָדע...

ס'איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען מענדע איז קוים פאַרפאָרן אין אַ דאָרף אַריין. אים איז אַביסל פרייליכער געוואָרן אויפן האַרץ. דער טאַטע און די מאַמע זענען אים אָבער נישט אַרויס פונ'ם געדאַנק; באַלד האָבן אים אין זכרון אויפגעוואַכט איבערגעלעבטע שרעק פאַר ריקצוגן און פאַרמאַרשן, ווען איין אַרמיי פאַלט אָפּ און די אַנדערע מאַרשירט אַריין... דער געדאַנק, אַז אין דער היים האָט שוין אַוודאי דאָס פּוילישע מיליטער אין אַריינמאַרשירן, האָט אים ביטער געגנאָגט אונטערן האַרץ... דער טאַטע קער מורא האָבן אַרויסצוגיין פאַר דער טיר... — ער האָט היימיש געגריסט די פּויערעם, וואָס האָבן זיך דאָ און דאָרט פאַרבייגעדרייט...

ציגעלאָזן און מיט אַ גוטברודערישן טאָן האָט ער געפרעגט די סאָלדאַטן, וואָס זענען אַראָפּגעשפּרינגען פונ'ם וואָגן:

— ווו פאַרפאָרט מען?

די סאָלדאַטן האָבן גיך אָוועקגעטאָפּטשעט אין פייכטן נאַכטלעכן שטויב און מיט די בליקן זיך אַריינגעפלאָנטערט צווישן די שיינען, וואָס האָבן זיך געצייגן פון די קליינע פענצטער אין די נידעריקע פּויערישע כאַטעס. — מיר ווייסן נאָך נישט ווו מיר וועלן פאַרפאָרן...

אין טאַקע באַלד האָט זיך פונדערווייטנס ווידער געריסן אַ קול:

— פאָר אונטער גיכער!!!

מענדע איז פאַרפאָרן אויף אַ גרויסער פאָדווירע און איז געבליבן שטיין אין מיטן דערינען. פאַר די אויגן האָבן אים אַ טאַנץ געטאָן אַ לאַנגע רייע פון סטייגן, פון סטאָדאָלעס, שטאַלן אין אַ סך פינסטערע בערגלעך. נעבן אים האָט זיך גענומען דרייען אַן עלטערער, הינקעדיקער גוי מיט געדעכטע פאַטלעס ביז טיף אויפן קאַרק און אים באַשמעקט, ווי אַ הונט. פון זיין לאַמטערן האָט זיך אַ קער געטאָן אַ שיין און זיך שאַרף איינגעשניטן אין די איינגעפאַלענע באַקעס פונם אָפּגעיאָגטן פערדל... אַ פריקרע געדאַנק האָט דעם גוי אַ שטאָך געטאָן אונטערן האַרץ... ער האָט אונטערגעהאָצקעט צו די סאָלדאַטן, כיטרע אַריינגע־לאַכט אין זייערע פּנימער און געפרעגט:

— הונגעריק, האַ?

— דער רוח וואָלט אונז נישט נאַסיטעט...— ווי פון דער נאָז אַרויס איז דער שנטפער מיט אַן אומגעדולדיק געלעכטערל אַרויסגעבלאָזן געוואָרן.

דער פויער האָט געטיסנעט מיט די ציין און ס׳האָבן זיך אים ווי גע־קרישלט די ווערטער, וואָס האָבן כסדר אונטערגעשטופט דאָס געלעכטערל מיט יאַשטשערקעס...

ער האָט אַריינגעבויגן דעם קאָפּ אין אַן אָפענער טיר און אַריינגעשריגן צום ווייב אין שטוב:

— גרייט צו אַ גוטע וועטשערע, הערסט, וואַרוואַראַ!!!

מיט אַמאָל האָט ער זיך ווידער געוומען דרייען אַרום מענדען:

— ביזט אויך הונגעריק, האַ?...

— איך וועל שוין עסן אין דער היים... אַ דאַנק אייך, נגיד — האָט ביי מענדען אַ קלינג געטאָן דאָס קול... ער האָט אונטערגעשיקט אַ האָפערדיקן בליק צו די זעלנער:

— איך וויל אַהיימפאָרן — האָט ער זיך געבעטן...

— האָסט נאָך צייט — האָט אַ זעלנער געענטפערט — לאָז דאָס פערד אָפּ־דעכן און אַ פרעס טאָן...

דער פויער האָט שנעל אויסגעשפאַנט דאָס פערדל און עס געפירט אין שטאַל אַריין. אין זיינע אויגן האָט זיך צעזשאַרעט אַ בייז פייערל... ער האָט זיך שיעור נישט אָפּגעביסן די צונג פאַר פאַרדרוס... געוועזן באַדאַרפט צו פאָלגען די „זשינקע״*) און זיך אויך באַהאַלטן מיט די פערד אין די וועלדער... דער גע־דאַנק האָט זיך אים איינגעפרעסן אין דער לעבער.

די שטאַל איז פול געוועזן מיט האַרבלעך־וואַרימען אָטעם פון זאַטע פערד. זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן, ווען דער פויער האָט אַריינגעפירט מענדעס פערדל און האָבן מיט געשפיצטע קעפּ געקוקט ווי ער בינדט עס אָן אין ווינקל, ביי אַ לייטערל, פאַרלייגט מיט היי...

*) ווייב.

— גייען מיר אין שטוב אַריין, גייען מיר... אָן אומפּריינטלעך ציטערל האָט פּלוצים קלאָר אָפּגעשלאָגן פון זיין קול. ער האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די אויגן, באַגלייך ער וואָלט געזוכט אַ ריין שטיקל אָרט, ווו אַלעס זאָל קענען איינזונקען.

— אָט פּערד!...— האָט אַ זעלנער היימיש אַ קלאַפּ געטאָן מענדען אין דער פּלייצע.

מענדע האָט נישט געקענט אָפּרייסן דעם בליק פון די צוויי געפּאַקטע שפּאַקעס מיט די קורצע, פעסטע קאַרקעס, פּאַרוואַקסענע מיט זילבערנע גרי־וועס ביז איבער די נייגעריקע, גרויסע אויגן, וואָס האָבן אים נאָכגעקוקט...

פאַר דער טיר איז אַ גרויסער הונט געזעסן אויף די אונטערשטע לאַפּעס, ער האָט אַלעמאָל פאַריסן דעם קאָפּ אין דער הויך, געשטשירעט די שאַרפע, שפּיציקע ציין און די יעמערלעכע קולות, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט פון דער אָפענער מאָרדע האָבן זיך אין איין אָטעם געשליידערט ווי בייזע כוואַליעס...

דאָס קול, וואָס דער קרומער פויער האָט אַריינגעוואָרפן אין שטוב, איז דעם ווייב צו צום האַרץ און איר דאָרט אַ ביטערן שטאָך געטאָן. זי האָט גע־וואָלט דעם וויטאָק אַרויסרייסן מיט דער האַנט, וואָס האָט איבער אירע ברוסטן געשלאָגן איין צלם נאָכן אַנדערן... קוים האָט זי אָפּגעשעפּטשעט די שטילע תפילה און אַרויסגעלאָזט פון מויל די לעצטע ווערטער פון געבעט שטייענדיק דערביי טיף איינגעבויגן פאַר דעם גלאַנציקן בילד פון דער היילי־קער מוטער מיטן ברענענדיקן קענדעלע אויל צוקאָפּנס, וואָס האָט געוואָרפן אַ וואַקלדיקן שאָטן איבער איר פאַרכמורעטער, געשטיפּלטער גאָמבע, אַזוי שוין איז דער געדאַנק, אַז גאָט האָט איר צוגעשיקט רוחות, איבערגעגאַנגען אין אַ שאַרפן געפיל פון האַס צום קרומען מאַן אירן און זי האָט, די אַריינגע־קומענע אין די אויגן, זיך אויף אים צעבייזערט:

— וואָס קוקסטו, ווי אַ נאַר, וואָס האָט די הויזן פאַרלוירן, ברענג אַריין פון דער קאַמער אַ לאַדישטש סמעטענע... נעם יענעם, דעם גרעסערן, וואָס שטייט ביי דער וואַנט, הערסט, סטעפּאַן!!!

— אָט מאַלאַדיצאַ!...— האָבן די זעלנער איר צוגעווינקן...

אין דער פויערטעס קליינע, ברוינע אייגלעך האָט זיך צעשפּילט אַ חניפה גלאַנץ, זי האָט כיטרע זיך אַ שטופּ געטאָן און חוצפה׳דיק זיך אַוועקגעשטעלט פאָדבאָקעם — וואַרעניקעס ווילן זיין... יאָ, יאָ.

אויפן פאַרויכערטן פּריפּעטשיק האָט געזאָטן וואַסער און פון דעם גרויסן אייזערנעם טאָפּ האָט געזעצט אַ געדעכטע פאַרע. דער זויערלעכער ריח פון געקאָכט טייג, אָנגעשטאָפּט מיט קאַרטאָפל און געזאַלצענעם קעז, האָט זיך צע־טראָגן איבער דער שטוב מיט דעם נידעריק געדיליוויטן סופיט און גרויסן צלם אין דער מיט.

מיט אַ טיפן שטאָך אונטערן האַרץ האָט די פויערטע זיך געפּאָרעט אין אַ ווינקל, זיך געאיילט פאַרטיק צו ווערן מיט דער וועטשערע.

די זעלנער האָבן געהאַט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קויטיקע פלאַשטשעס און די קוטשמעס, זיי האָבן געריבן אויף ביידע באַקן און געשוויצט...

פלוצים האָט איינער אַ פרעג געטאָן:

— זענען נאָך דאָ אין דאַרף אונזערע...?

וואַרוואַרע, אַ פּאַרטיפּטע אין דער הייליקער מוטער, וועלכע האָט אין האַרצן נישט אויפגעהערט צו בעטן אָפּצוהיטן די פערד, האָט פאַרלוירן דעם געדאַנק און ווי זי וואָלט זיך נישט געקענט צוריקהאַלטן, געענטפערט:

— די ווייבער האָבן געזאָגט, אַז מאַקסימקע איז געווען דער לעצטער היי־דאַמאַך, וואָס איז אַנטלאָפן...

ביים קרומען סטעפּאַן האָט זיך אַ ריס געטאָן די צונג. ער האָט געטופּעט מיטן קאַליע פוס און איז מיט אַ בייזערל אַריינגעפאַלן דעם ווייב אין די רייד אַריין:

— וואָס טשאַדעסטו אַ קאָפּ מיט מאַקסימקען, פרעמדע מענטשן ווייסן דאָך נישט וועגן וואָס דו רעדסט — ער האָט לייכט אַרויסגעוואָרפן אַ טרוקן הוסטל אין געמאַכט אַ צעפרידענע מינע, וואָס ער האָט נישט געלאָזט זיך שטערן דעם חשק צו פירן אַ טיפזיניקן פויערישן שמועס.

— דעם אמת געזאָגט, איז מאַקסימקע גערעכט. די מאַמע זיינע איז אַן איקראַינערן פון דור דורות, און זיין טאַטע איז אַ פּאַליאַק, איז דער זון איצט געקומען זיך אָפּרעכענען מיטן טאַטן... אַזוי אָ, ווי ער איז געלאָפן פונם פראָנט, מיט דער רויטער פּאַפּאַכע איבער די אויערן, האָט ער אָפּגעטרעטן אין דער היים און אַרויסגעשלעפּט דעם טאַטן פון דער שטוב, ווי אַ הונט פון דער בודע, אים אַזוי צעשלאָגן מיט דער נאַהייקע איבערן פּנים און איבערן קאָפּ... ער האָט געשניטן, ווי אין אַ קרויט אַריין... דער פּאָטער איז געבליבן ליגן אויף דער ערד אַ צעקאַרעוואַשיטער, ווי אַן אויסגעמלויצעטער סנאָפּ...

די זעלנער זענען געבליבן אַ ווײַלע זיצן מיט אָפענע מיילער איבער די וואַרעניקעס, וואָס זענען געווען איבערגעשמאַלצן מיט פּוטער און פון וועלכע ס'האָט געזעצט אַ הייסע פּאַרע. זיי זענען געוואָרן שטאַרק אומרואיק, האָבן זיך איבערגעוווּנקן. איינער איז אַראָפּ פון דער „סקריניע“*) און גענומען שפּאַנען איבער דער שטוב מיט אַלץ מער אימפּעט, באַגלייך די שרעק האָט אָנגעהויבן צוריק צו קריכען אין קאָפּ אַריין...

*) אַ גרויסער קאַסטן אין וועלכן די פויערים האַלטן זייער האָב און גוטס.

דעם קרומען סטעפאַן האָט עס פּלוצים אַ קרעק געטאָן אין האַלדז... די מורא פאַר די זעלנער האָט אים אָנגעהויבן ציען אונטערן האַרץ... ער האָט דערפילט שאַרף שפּיזלען דעם ווייבס בייזע בליקן...

וואַרוואַרע האָט אָנגעצויגן אַ נייעם חניפה שמייכל:

— צעקנעפּלט איך און ווייזט ווער ס׳קען מער עסן... אַז איר וועט אַהיימקומען וועלן אייערע ווייבעלעך איך דערלאַנגען בעסערע וואַרעניקעס...

— זי האָט פון דער זייט געכאַפּט אַ בליק אויף מענדען און אין איר אויסדרוק האָט זיך געיאַוועט דער באַהאַלטענער צאָרן, וואָס זי האָט אין זיך געטראָגן אין די לעצטע טעג צום מאַן, וועלכער האַלט אין אַזאַ צייט פערד אין דער היים...

דער אַנדערער זעלנער האָט זיך באַלד ווידער גוט באַלעקט, ער האָט זיך געווישט די סמעטענע, וואָס איז אים גערינען איבער די פּיסקעס, און זיך גענומען באַרימען:

— אַך, וואָלט איך איצט געשלאָגן די פּאָליאַקן, נאָך בעסער, ווי אייער מאַקסימקע, איר הערט, סטעפּאַן... — ער האָט זיך געבלאָזן, פאַרקוועטשט אַ שטאַרקע פויסט, דערנאָך זי אויפגעמאַכט און געוויזן ווי אַזוי ער וואָלט מיט איין פינגער פון זיי אַראָפּגעריסן די הויט...

— אין טאַרנאָפּאָל וועלן מיר זיך אָנשליסען אין אַ נייער קאָמפּאַניע... דאָרטן וועלן מיר זיי דערלאַנגען — האָט דער ערשטער מיט אַן אומרואיקן טאָן אונטערגעהאַלטן. אין זיינע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן דער בליק, ער האָט גענומען זוכן אין אַלע זייטן, אויפן געדאַנק זענען אים געקומען די צוויי פּוילישע זעלנער, וואָס מ׳האָט בייטאָג דערשאָסן... ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די פינצטערע, נידריקע פענצטער אין שטוב קומען נענטער.

— העי, סטעפּאַן, ווי זעט עס דאָרט אויס אין דרויסן ?...— האָט ער פּלוצים אויסגעשאָסן מיט אַ געביטן, אָנגעשטרענגט קול...

סטעפּאַן האָט זיך אָנגעשפּיצט ווי אַ מויז אין לאָך. די אויגן זענען אים גאַנץ קליין געוואָרן און אַ געלבלעכער גלאַנץ איז אין זיי אונטערגעלאָפן. די שפּאַקעס מיט זייערע פלינקע טריט האָבן אים גערייצט די געהירן און געגרי־

זשעט דאָס האַרץ. דער געדאַנק, וואָס האָט אים די גאַנצע צייט אין די אויערן געזשומעט, ווי אַ ביק, האָט זיך איצט געזעצט און געלאָזט די גיפט. ער האָט געפילט, אַז אָט וועלן די זעלנער זיך נעמען לאָזן אין וועג אַריין און מ׳וועט הייסן שפּאַנען די פערד...

— איבערן קרייץ צו גאָט... איך וועל נישט פאָרן... — ער האָט אין דער שטיל מיט דער פויסט אָפּגעלייגט אַ צלם און אַריינגעבלאָזן לעבן אין דעם פאַרבאַהאַלטענעם געדאַנק...

מיט אַ ברען אין די אָדערן איז ער אַפיר פון אונטערן אויוון און גענומען גיך האַצקען פון איין פענצטער צום אַנדערן...

— נישט אפילו דעם רוח הערט מען... ס׳איז שטיל, ווי ס׳וואָלט קיין וועלט נישט געווען... איר מעגט אייך אַנידערלייגן און זיך גוט אויסכראָפּן... איך גיי אַריינברענגען שטרוי און אויסבעטן אַ געלעגער.

דעם קרומען סטעפּאַן האָט עס אַ ציי געטאָן דורכן פינצטערן הויז. מיטן גאַנג האָט ער אַראָפּגעכאַפּט פון דער פּאָליצע אַן אייזערן העמערל און עטלעכע לאַנגע פּאָטקאָווע נעגל... שטיל, ווי אַ גנב איז ער אַרויס אין דרויסן...

איבער שוואַרצלעכע, נידעריקע כאַטעס מיט הויכע, שטרויענע דעכער האָט אַ טיפער הימל געבליט מיט בלוי־ווייסע, פינקלדיקע שטערן. די שטילע נאַכט האָט לאַנג און צעצויגן אויסגערעוועט שטאַרקע נאָכווייען פון אַ בהמה, וואָס האָט זיך אָפּגעקאַלבט ערגעץ אין שטאַל ביי אַ פּויער. דער הונט, וואָס האָט זיך געריסן אויף דער קייט, האָט געלאָזט די סלינע און געענטפערט מיט אַ זשעדנע וואָיען...

אין אַ ווײַלע אַרום איז דער קרומער סטעפּאַן מיט האַרצזעצעניש אויסגע־וואַקסן אויף דער הויכער קופּע מיסט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט פון די פּלייצעס אַ גרויסן אָקלאָט שטרוי און אים ווי אַ שומר אַוועקגעשטעלט פאַר דער טיר פון דער שטאַל... מיט שטילע טריט איז ער אַריין אינעווייניק, זיך אַ לאָז גע־טאָן צו מענדעס פערדל און מיט רציחה עס אָפּגעשטופּט... זיינע ציטערנדיקע קני זענען אין דער פינצטער פאַרקראָכן צו איין שפּאַק, מיט אַ פלינקן קלאַפּ האָט ער אים אונטערגעהויבן אַ פעדערשטן פוס און גיך, גיך האָט ער אים

אַרייַנגעשלאָגן אַ טשוואָק אין ווייכן אָרט פון דער קאָפּיטע... ס׳פערד האָט אַ שטאַרקן דריגע געטאָן און דער ווייטיק האָט אים אַרויסגעזעצט גרויסע אויגן... תיכף האָט דער פויער מיט דער צעצונדענער, ברודיקער האַנט שנעל פאַרגוואָזדזעוועט דעם צוויטן שפּאַק, זיך געווישט דעם שווייס פונם דערהיצטן שטערן און געפּילט ווי עפּעס האָט זיך געלאָשן אונטערן האַרצן...

הכנעה׳דיק איינגעבויגן, מיט דעם בונט שטרוי אויף דער פּלייצע, האָט ער זיך צוריק פאַרשלעפּט אין שטוב אַריין. פון זיינע צערייצטע אויגן, וואָס זענען זיך פאַרקראָכן אין אַ זייט, האָט געשלאָגן אַ פינצטערע מורא. ער האָט אונטערוויילעכטס געוואָרפן פון די אויגן וויסטע פייערלעך אויף מענדען, וועלכער איז געשטאַנען, ווי אויף שפּילקעס און געוואַרט אַז די זעלנער זאָלן שוין הייסן דעם גוי פאָרן מיט זיי אויף פאַרשפּאַן...

דער קרומער סטעפּאַן האָט פלוצים אָנגעהויבן אויסצוכאָרכלען פון זיך דאָס געמאַכטע געלעכטערל מיט אַ קוויטשיקל: כי... כי... כיייי... אָנגעגעסן דיך „זשעדקו״, האַ ? נו, איז גיי זשע קאַק דעך אויס... כע... כע... כעעעעע...

די סאָלדאַטן האָבן שוין געהאַלטן אין אָנרוקן די פוטערנע קוטשמעס.

— ער איז דאָך נאָך אַ קינד, ער איז אָבער אַ קלוגער יונג און נישט קיין שלעכטער. ערגער איז זיין פערד, וואָס פּלאָנטערט מיט די פיס, מער ווי ס׳לויפט... יאָ, יאָ... קומט פעטערל, מיר מוזן לויפן ווייטער... — ביי דעם זעלנער האָבן זיך די אויגן אָנגעכמורעט... — די פּאָליאַקן קענען אונז אָניאָגן... שפּאַנט איין אייערע פערד, מיר גייען פאָרן...

— ניין, ניין, איך קען נישט פאָרן... די פערד קרומען... עטלעכע וואָכן שוין, אַז איך האָב זיי פון דער שטאַל נישט אַרויסגעפירט... — דער קרומער סטעפּאַן האָט זיך געצאַפּלט ווי אַ קינד, נישט אויפגעהערט שטאַמלען און זיך נענטער גערוקט צום ווייב, וואָס האָט זיך אונטערוויילעכטס צוגעשאַרט צו דער „סקריניע״, פון וועלכער דער אַנדערער זעלנער האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן.

מענדען איז דאָס האַרץ אַנטפאַלן געוואָרן. די זעלנער וועלן אים איצט ווייטער פאַרשלעפן...

— רירט איך, סטעפאַן — האָט דער זעלנער בייז אַ שלעפּ געטאָן דעם גוי פאַר אַן אַרבל...

אין דרויסן האָט אַ קאַץ זיך געדראַפּעט צום טויבן־שלאַק... די שטערן האָבן שטיל אין קאַלט געגלאַנצט, און אַ טכויער האָט ערגעץ אונטער אַ טסרי־כע פון אַ שטרויענעם דאַך געדישעט אַ הון...

סטעפאַן האָט צעשראָקן געהאָצקעט, געצויגן ביי אַ לאַנגען שטריק אַ שפאַק, וועלכער איז געשפּרונגען אויף דריי פיס און זיך אויפן פערטן נישט געקענט שטעלן... ער האָט זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט צו מאַכן דאָס קרומע פערד לויפן, כדי דער זעלנער זאָל איינזען, אַז דאָס איז אַרויסגעוואָרפענע אַר־בעט... — איך האָב אייך געזאָגט דעם אמת... מיינע פערד קרומען... אַן אומ־גליק צו מיר — האָט ער זיך גענומען קלאָגן, צו דערוועקן רחמנות צו זיך... — אָט זעט מיינע צרות... — ער האָט אין אַ ווײַלע אַרום אָנגעוויזן אויפן צווייטן שפאַק, וועלכן ער האָט אין דער פינצטער אַרויסגעטריבן פון דער שטאַל. מיט יעדן שפּאַן, וואָס דער פערד האָט געטאָן, איז אים דער טשוואַק געקראָכן טי־פער אין פלייש אַריין און ס׳האָט שרעקלעך געהינקען...

דער זעלנער האָט אָנגעהויבן אָטעמען האַסטיקער און מיט טיפן פאַר־דרוס... ס׳האָט זיך אים געגליסט דעם גוי צו צעמערשטן די ביינער... ער האָט אַ דריי געטאָן מיט די ציין, ווי ער וואָלט געוואָלט די שטאַרק פאַרקלעמטע פויסט, האַרט ווי אַ שטיין, ערגעץ אַ שליידער טאָן מיט אַ פעסטן ראָזמאַך...

פּאַמעלעך, שטיל און אינטערטעניק, האָט דערווייל דער קרומער סטע־פאַן גענומען אַרויספירן מענדעס פערדל, ער האָט עס איינגעשפּאַנט און אָנ־געהויבן אויסרעכטעווען דאָס וועגעלע...

— פאָרט, פאָרט מיט גאָט... — ער איז ווי נאָכגעגאַנגען נאָך זיין אייגע־נעם קול צוריק דורכן פינצטערן פאָדער־הויז.

אין שטוב איז אים די צונג פלוצים ווי געפאַלן אין חלשות...

וואַרוואַרע האָט מיט רויטער שרעק אין די פאַרווײנטע אויגן זיך גע־

צאַפּלט פאַר דער אָפענער „סקריניע״ — „אָ, באָזשע, אָ, באָזשע...״

דער צערייצטער סאָלדאַט האָט האַרט איינגעקלעמט אין דער פויסט גע־האַלטן אַ גאַנצן זשמיט עסטרייכישע, פּאַפּירענע הונדערטער און טויזנטער, וועלכע ער האָט אַרויסגעכאַפּט פון אַן ערדענעם טאָפּ, וואָס סטעפאַן האָט דאָרט געהאַלטן פאַרשטופּט...

— זעט נאָר אַ נגיד אַ גנב, האָט אַזוי פיל געלט... — האָט ער געקריצט מיט די ציין.

סטעפאַן איז געשטאַנען, ווי פאַרשטיינערט און זיך מורא געהאַט צו רירן...

מענדען האָט אַ ריס געטאָן ביים האַרץ דאָס באַפעלערישע קול:

— די נאַכט שטייט נישט, מיר מוזן ווייטער פאָרן...

דער סאָלדאַט האָט אַריינגעשטופּט מענדען אַ פּאָר קנאַקעדיקע הונדער־טער און אים אַ שטויס געטאָן אין דער פּלייצע:

— פאָר, דו קליינער קאָזאַק !...

מענדע האָט זיך ווייטער אַוועקגעשלעפּט אין דער קילער נאָך האַלבער נאַכט אַריין...



די גאַס לענגאויס דעם הויכן באַרג אַרויף, וואָס האָט געפירט אין דער פּאַרטאַגיקער גרויסער שטאָט אַריין, איז נישט געווען צו דערקענען.

אויף די „גילדענע שוועלן", ווו ס'האָט שטענדיק שוין פון אינדערפרי אָן געקאָכט די מחיה, האָט דער טאָג זיך אָנגעהויבן וואַקלען, ווי אַ געפּלאַצטע רייף, וואָס קען זיך נישט קוילערן.

ס'איז מער אינערגעץ נישט געווען צו זען די אויפקויפער, וועלכע פלעגן דאָ אָפּשטעלן דעם טאַטן, אויסטאַפּן דאָס וועגעלע און איבערטאַרגעווען אַלעס, וואָס זיי האָבן נאָר אָנגעטראָפן.

די פויערישע פורלעך, וועלכע זענען זיך תמיד אַהער צענויפגעפאָרן מיט קעלבלעך, מיט הענער און מיט אַנדערע לעבעדיקע און טויטע סחורות, האָבן איצט געטראַסקעט מיטן ריקצוג און געשלעפּט פאַרוואונדעטע זעלנער.

דער בראָך איז געווען אויף דער גאַנצער ליניע...

ס'האָבן זיך געשטופּט אויסגעלאָשענע פעלד־קעכן און אומהיימלעך גע־דרינדזשעט; שטאַרקע פערד, געשפּאַנט אין ליידיקע קאַנאָנען, האָבן געטריבן פאָרויס, דער וועג איז אַלץ מער פאַרפּלייצט געוואָרן מיט סאָלדאַטן, וואָס האָבן געטומלט און זיך געשטיקט מיט דעם אויפגעהויבענעם שטויב.

ביי דער שראַנק איז מער נישט געשטאַנען קיין פּאָסטן און מענדע איז צום ערשטן מאָל דאָ פאַרבייגעפאָרן אָן האַרץ־קלאַפּעניש.

אָט האָט ער דערקענט די גאַס, ווו דער טאַטע פלעגט פאַרפאָרן. ער האָט געוואָלט אַ צי טאָן דאָס פערד און עס איינהאַלטן. דער געדאַנק, ערגעץ דאָ זיך אַרויסצודרייען, איז אים נישט אַרויס פון אויג. זיינע בליקן האָבן זיך געקרומט אין די זייטיקע, ליידיקע און פאַרטויבטע געסלעך אַריין, אין וועלכע ס'האָט אָפּגעקלונגען אַ צוגעדושעטער רעש...

— לאָזט מיך אָפּ... לאָזט מיך זיך אומקערן אַהיים... — האָט ער זיך נישט דרייסט געבעטן.

ווייטער אַוועק האָט זיך איבער די הייזער אַריבער געצייכנט אַ הויכער באַרג...

מענדען איז דורך אַ געדאַנק, אַז פון יענער זייט איז שוין אויס שטאָט...

— איר האָט דאָך צוגעזאָגט מיך אָפּצולאָזן — האָט ער זיך געגומען מיט אַלץ מער און מער קוראַזש רעדן צו די זעלנער.

די סאָלדאַטן, וועלכע זענען שוין געווען מיט איין פוס אויף דער ערד, האָבן נישט אויפגעהערט צו נישטערן אין דעם אַרום...

— מיר וועלן דיך באַלד אָפּלאָזן און נאָ דיר געלט אויף צוקערלעך...

זיי האָבן מענדען אַריינגעשטופּט אין דער האַנט אַריין נאָך איין פּאַפּירענעם הונדערטער.

וואָס נענטער מ׳איז געקומען צום באַרג, אַלץ שווערער איז געוואָרן דאָס פאָרן. דער טומל איז געוואָרן געדעכטער און זיך געשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט... צעצונדענע רייטער אויף פאַרשוויצטע פערד האָבן אַרומגאַ־לאָפּירט און זיך געריסן די העלדזער:

— לינקס !!! ... מאַ ר ש ! ...

מחנות צענויפגעלאָפענע סאָלדאַטן מיט צעהיצטער, ווילדער און פאַר־צווייפלטער וואַגעניש אין די אויגן זענען אַרומגעשפּרונגען, באַגלייך די ערד וואָלט געברענט אונטער זייערע פיס, זיי האָבן געפאָכעט מיט די קליינע איי־זערנע לאָפּעטקעלעך אין דער לופטן, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן איינגראָבן אין הימל.

— פאַרשאַנצן זיך פון ביידע זייטן אונטערן באַרג !!!...— האָט זיך די קאָמאַנדע געריסן.

— געגאַנגען ! ...— האָבן די זעלנער אין וועגעלע איינער דעם אַנדערן באַפוילן. אַ שטויב האָט זיך אונטערגעהויבן אונטער זייערע פיס. זיי האָבן זיך אָבער אַרומגעקוקט ווי זיי וואָלטן אַלץ נאָך עפּעס געזוכט...

— פאָר, דו קליינער קאָזאַק !... — האָבן זיי פונדערווייטנס צוגעשריגן מענדען און צו אים אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. ער האָט זיי שנעל פאַר־לוירן פון אויג און מער נישט געהערט וואָס זיי האָבן גערעדט.

מיט אַמאָל האָט ער דערפילט דאָס האַרץ ציטערן פאַר פרייד און איינצײ־טיק פלאָטערן פאַר שרעק...

— וואָס זאָל איך איצט טאָן ?... ווארומעט זאָל איך פאָרן ?... ווי אַזוי

דרייט מען זיך אַרויס פון דאַנען?... — מענדע האָט זיך שיעור נישט צע־ווײנט — מ׳זאָל מיך נאָר נישט אַריינטרייבן אין „אבאז״*) אַריין... — ס׳האָט אין אים ווידער אויפגעוואַכט אַ טיפער כעס אויפן קרומען סטעפאַן און טרערן פון פאַרדרוס האָבן אים געגעסן אין די אויגן. אין די אויערן האָט אים אָפּגע־קלונגען דאָס ליאַרמען פון דער פויערטע, וועלכע האָט זיך אַריינגעבויגן אין דער „סקריניע״, באַגלייך זי האָט געוואָלט איינשלינגען אַלעס וואָס ס׳איז דאָרט געווען... די געדאַנקען האָבן זיך אָבער איצט אין אים לאַנג נישט איינגעהאַלטן... אָט זענען זיי געקראָכן, און אָט זענען זיי געפלויגן...

ביי די זייטן, אונטער די ווענט האָבן זיך געשאַרט מידע, דערשלאָגענע און הונגעריקע זעלנער מיט דערשראָקענע, גיריקע און בייזע פנימער, פון וועלכע די געפּאַר האָט געלויערט, ווי פון געיאָגטע און צערייצטע חיות. זיי האָבן געזוכט זיך אַרויסצודרייען פון דעם נייעם פייער און צו אַנטלויפן ערגעץ ווייטער, אַ ביסל טיפער אַוועק צו אַ מיליטערישן הויפּט לאַגער...

דער גניאַדע האָט זיך דערווייל גרינגער געמאַכט אויף דעם רעכטן פע־דערשטן קנעכל און אים געהאַלטן האַלב אין דער לופטן. דער וויטיק אין שטאָך־ביין האָט זיך אים צעשפּילט... די אונטערשטע האַלבע מאָרדע איז אים אינגאַנצן אָפּגעשטאַנען, די אויערן זענען פול געווען מיט מידעקייט און זיך געלייגט...

פלוצים האָט מענדען דאָס האַרץ אַ זעץ געטאָן.

— „קום!...״

אַ זעלנער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין וואָגן — „ריר דיך!...״

— איך שטיי דאָ מיטן טריין... — האָט זיך מענדע אַרויסגעכאַפּט.

דער זעלנער האָט זיך אַ וויש געטאָן מיטן אַרבל אונטער דער נאָז און איז אַוועקגעגאַנגען.

פול מיט האָפערדיקייט האָט מענדע זיך גענומען אַרויסדרייען פון דאַנען. ער האָט דעם גניאַדע דערלאַנגט אַ פּיטשק מיט דער בייטש.

*) מיליטערישער טראַנספּאָרט.

אין טאָל האָבן זיך די געסלעך געוואַשן אין טונקעלן שיין און די שטילקייט אַרום האָט דערמאָנט אין פאַרטאָג.

מענדעס אָנגעשטרענגט זוכן האָט אין ערגעץ נישט געקאָנט אָנשלאָגן.

— נגיד, נגיד, מאַכט אויף!... — האָט ער געררופן מיט אַ ציטערדיק קול און אַלעמאָל אָנגעקלאַפּט אין אַן אַנדערן טויער...

צום סוף איז מענדע פאַרפאָרן אויף אַ שטיק טאָליקע, ווי דאָס פלעגן די צעגיינער טאָן, ווען זיי זענען געקומען אין שטעטל אַריין, און זיך דאָרט אָפּגעשטעלט. ער האָט אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל און עס געלאָזט פּאַשן... ס'האָט זיך אים שטאַרק געגליסט אָנצוכאַפּן דעם גניאדע ביי דער גריווע און זיך אויף אים אַרויפכאַפּן רייטנדיק... אַ לאָז טאָן זיך מיטן פערד איבער די געסלעך, ווי ער טוט דאָס אין דער היים... ער האָט אָבער דאָס פערד אָפּגעטריבן און זיך אומיסטנע אַוועקגעדרייט, אַ פרעמדער מענטש זאָל נישט וויסן צי ער קער זיך מיט אים אָן...

— ... דער טאַטע קער איצט אודאי אַלעמאָל אַרויסלויפן צום טראַקט זען צי ער קומט נישט צו פאָרן... דער טאַטע קוקט אַרויס אויף אים... אַלעמאָל איז אַן אַנדערער פאַרלעגערטער געדאַנק וואך געוואָרן און זיך אַ טונק געטאָן אין בלוט פון האַרץ. ער האָט געפילט ווי די צייט וואָלט אים געדרוקט דעם רוקן און פאַוואָליע געקראָכן איבער דער הויט.

פלוצים האָבן די קאַנאָנען אויפן באַרג אָנגעהויבן שמעטערן איבערן טאָל. די נאַכט איז געוואָרן לעבעדיק און אַריינגעקראָכן אין די נאָנטע הייזלעך, ווי אין שלעכטע מיילער... זיי האָבן מענדען אָנגעהויבן שרעקן... ער האָט דערפילט אַ פּיק טאָן אַ געדאַנק... באַלד איז ער געקראָכן אויף אַלע פיר און געשלעפּט דאָס וועגעלע צו אַן איבערגעקערטן פלויט, ביי דער זייט פון אַ נידריק, האַלב איינגעפאַלן הייזל. ער האָט אין דער גיך אָנגעהויבן צו צענעמען דעם וואָגן. די לייטערלעך האָט ער פאַרשטופּט אונטער די צע־פוילטע קוליעס, די רעדער באַהאַלטן אין גראָז און דעם רעשט פון וואָגן, האָט ער איבערגעדעקט מיט וואַרעטקעלעך... ער האָט שיעור נישט אַ געשריי געטאָן — שוין... ווי ער טוט דאָס ווען ער שפּילט זיך מיט די חברים אין באַהעלטעניש...

פונדערוויטנס האָט זיך דערטראָגן אַ געיאָגט הודזשען פון אַ באַן־מאַשין. פארע האָט אַ זעץ געטאָן און דערשטיקט אַ הילך.

מענדען האָט עס אונטערגעטראָגן... באַלד האָט ער אָנגעשפּאַרט פון יענער זייט טאַליקע נעבן די שינעס. קוויטשיקע געלעכטערס האָבן אָפּגעשלאָגן אין דער פינצטער... אָט איז עמיצער פאַרבייגעגאַנגען און געדזשוויגעט אויף די פּלייצעס אַ שווערן זאַק... ס׳זענען אָנגעלאָפן וויבער מיט פולע קאָשיקעס...

מענדען האָט אַ נעם געטאָן אַ פאַרדריסלעך געפיל — קיינער האָט נישט געוואָלט אַריינלאָזן אונטערנעכטיקן, אָבער לויפן ראַבעווען האָט מען נישט קיין מורא...

דער געריך פון אַ זויערער אוגערקע האָט אים געבראַכט די מאַמען אויפן געדאַנק... ס׳האָט זיך אים געגליסט זי אַ שלעפּ צו טאָן פאַרן שערצל — מאַמע עך בין הונגעריק... ער האָט גיך אויפגעכראַמקעט די רעשטלעך, וואָס האָבן זיך אים נאָך פאַרוואַלגערט אין קעשענע... ער האָט אַ נישטער געטאָן איבער דער טאַליקע, צוגעוואָרפן אַ וווּליונגערישן בליק דעם גניאַדע, וועלכער איז געלעגן צעלייגט און מיטן ווידל געשמיסן שאָטנס אין שיין פון דער לבנה, ווי ער וואָלט דעם פערד וועלן זאָגן — עך קום באַלד צוריק — און מיט אַ ראַזמאַך זיך אָוועקגעלאָזט צו די שינעס...

אויף דער קליינער סטאַציע איז געווען פריילעך. אַ לאַנגער לאַסט־צוג מיט מיליטער האָט פאַרוואָרפן די לופט מיט צעיוזשעטע קולות און הייסע פונקן. וועכטער זענען אַרומגעלאָפן, געשיבט וואַגאַנען, געדרייט מיט די לאָמטערענס און געגעבן סיגנאַלן צום מאַשיניסט, וועלכער האָט אַרויסגעבויגן די אויבערשטע העלפט קערפער און געשאָקלט מיטן פאַרסמאָלצעווען, פינצ־טערן קאָפּ.

מענדע איז געבליבן שטיין אַ פאַרסאָפּעטער אויפן פעראָן, ווי ער וואָלט זיך עפּעס נישט געטרויעט צו צוגיין צו נאָענט. — אפשר זענען דאָס שוין די פּאָליאַקן, — איז אים דורכגעפלויגן אַ געדאַנק...

אין דער פינצטער האָט זיך דערהערט אַ קנויל פון קולות... בינטלעך קעפּ האָבן זיך געשטופּט פאַר אָן אָפּענעם וואַגאָן... מענדע איז אויך צוגעלאָפן.

אַן אוקראַינישער זעלנער האָט איבער די קעפּ אַריבערגעוואָרפן שטיקער זייף, פּאָדעשוועס, פּעלעכלעך לעדער... — ס׳איז נאָך דאָ אַ סך — האָט ער געשריגן...

— לעדער אויף אַ פּאָר שטיוול פאַרן טאַטן... דער חשק האָט מענדען געבליצט פאַר די אויגן... ער האָט עטלעכע פּעלעכלעך אַרונטערגעשטיפּט אונטער רעקל און איז צוריקגעלאָפן...

דאָ אויף דער טאַליקע האָבן זיך אין דער פינצטער מענדען געהאַלטן אין איין רוקן פאַר די אויגן אויפגעהאַקטע געוועלבער, אויפגעריסענע וואַגאָנען; צעריסענע און צעטרעטענע סחורה... ס׳האָט אים אַ טרייב געטאָן אַ געדאַנק שוין זיך אומצוקערן... — ווער ווייסט וואָס אין דער היים טוט זיך... דער געדאַנק איז איבערגעגאַנגען אין מורא... ער איז צו צום גניאַדע אים מיט ביידע הענט אַרומגענומען אַרום האַלדז און זיך צו אים שטאַרק געטוליעט...

די נאַכט האָט גערוקט איר זילבערנעם קאָפּ איבערן הימל און אַראָפּ־געלאָזט אַ ים פון טונקעל בלויעם שאָטן.



פאַרטאָג האָט מענדע זיך אויסגעטשוכעט פון דער אינערלעכער קעלט, וואָס האָט פון אים געשלאָגן, ווי פון דער פאַרגייענדיקער בלאַסער לבנה. דער האפערדיקער גלאַנץ אין זיינע אויגן איז געוואָרן טיפער און אַנטשלאָ־סענער. — צענויפליגן דעם וואגן און אַהיים פאָרן... — זיינע אויערן האָבן זיך געשפּיצט... — אפשר רעשט זיך נאָך אויף דער באַן סטאַציע... אויפן באַרג איז נאָך העט פריער שטיל געוואָרן, אַ סימן, אַז די אוקראַינער האָבן פון דאַנען אויך שוין אָפּגעצויגן... די פּאָליאַקן האָבן שוין געקערט אַריינ־מאַרשירן — האָט ער געטראַכט און געריסן מיטן בליק די שטילקייט אַרום.

אויף אַ טיר האָט זיך באַוויזן אַ לאַנג ווייב מיט צעשויבערטע האָר, געקוקט אַהין און אַהער, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט. דאָ און דאָרט האָט זיך געעפנט אַ טויער און בהמות זענען אַרויסגעגאַנגען זיך פּאַשן. די זון האָט שוין געהאַט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַלע שלייערן און נאַקעט רויט זיך געשטופּט דעם טאָג אין פּנים אַריין...

מענדע האָט געריסן דעם גניאַדע ביים קאָפּ, אים געשלעפּט אַראָפּ, צי קענען פאַרלייגן אויף אים די שלייע. — באַלד וועלן מיר זיין אין דער היים... ער האָט פאַר פרייד אַ באכע געטאָן דעם פערד אונטערן בויך. ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז אָט איז ער שוין פאַר דער טיר... די מאַמע קוועלט אַן... דער טאַטע ציילט די עטלעכע פּאַפּירענע הונדערטער און איז צו־פרידן... אַליין, וועט ער אַרויסלויפן אין מאַרק אַריין זיך טרעפן מיט די חברים און טאַקע באַלד וועט מען זיך אַריבערכאַפּן איבערן פלויט און אַריינ־קנאַקן דירכן פענצטער שטיינער צו פישל דזשיאַבאַק אין שטוב אַריין.

דער גניאַדע האָט געשטעלט פיס, באַגלייך ער וואָלט געוואָלט מענדען צוליב טאָן. דורך דער לאַנגער רוסישער גאַס האָט מענדע זיך גענומען פאָרן פּאַמעלעך. ס'איז נאָך געווען שטיל אין מיטן שטאָדט. די געשעפטן זענען נאָך געווען פאַרמאַכט, נאָר פאַר אַן אויסגערויבט אָפּן געוועלבל, האָט אַ צעטראָגענער ייִד צענויפגעקליבן עטלעכע צעטרעטענע שאַכטלעך...

ווידער דורכגעפאָרן די שראַנק, האָט דאָס פערד מיט אימפּעט זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ, צום הויפּט טראַקט.

פונדערווייטענס האָט דער וועג אויסגעזען איבערפולט, ווי מיט אַ וואָלקן שטויב פאַרלייגט. מענדען האָט פּלוצים אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן...

— מיליטער גייט... אי ער האָט זיך געשראָקן, אי ער איז געווען נייגעריק צו זען די פּאָליאַקן. ער האָט צוריקגעהאַלטן דאָס פערד און אָפּגעדרייט אין אַ זייט.

אויסגעשטראַצטע אָפיצירן אין היטלען מיט שפּיצן זענען געריטן פאָרויס. די קנעפּ פון זייערע מונדירן האָבן העל געגלאַנצט. מחנות סאָלדאַטן האָבן לויטן באַפעל געטופּעט מיט די פיס אין שטויב. די קאַרקעס זענען ביי זיי געווען געבויגן, ווי זיי וואָלטן אויף זיך דעם טויט געדזשוויגעט. די זון האָט איבער זיי געגלאַנצט און זיך געשטאָכן אין די שפּיציקע מעסער פון די ביקסן.

אַ זעלנער וואָס איז געגאַנגען אין עק פון דער ריי און איז אויסגעקומען נאָענט צו מענדען, האָט אַ לאַך געטאָן און מיט אַ קוועטש אונטערן ציינגל אָפּגעפּרעסט אַ קללה:

— פּסיאַ קרעוו... *)

מענדען האָבן זיך אַ ריר געטאָן די אָדערלעך אונטערן האַרץ און נישט אויפגעהערט פלאַטערן. ביז ער האָט נישט אויסגעמיטן דאָס מיליטער איז אים אַלעמאָל פונסניי געפאַלן אין פּנים אַריין אַ געשפּיצטע קללה, ווי אַ שאַרפער שטיין.

פון אונטן האָבן זיך געשלעפּט אָן אַ שיעור וועגענער און ס'האָבן זיך געוואַלגערט בינטלעך זעלנער. פונ'ם ריוו אַרויס, ביי דער זייט וועג איז איינער אָנגעקראָכן מיט דער ביקס אין די הענט, גרייט צו שיסן. אין זיין נידריקן שטערן, ווי ביי אַ חזיר, האָבן זיך איינגעקאַרבט אַ סך קליינע חוצפּה'דיקע קנייטשעלעך. ער האָט אָנגעכמורעט די געדעכטע ברעמען איבער די קליינע גראָע אויגן, אין וועלכע אַ ברודנע גלאַנץ איז אַרומגעשוומען, ווי בוימל אויפן וואַסער... ס'האָט זיך פון אים געטראָגן אַ שלעכטער ריח... נאָך דעם „כיטרע איינפאַל", וואָס איז אים פּלוצים געקומען אין קאָפּ אַריין,

*) הינטיש בלוט.

האָט דאָס בלוט אין אים אויפגעקאָכט און די פאַרב האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין פנים.

— שטיי!!!... ער האָט אָנגעשטעלט די ביקס אויף מענדען. — הויב אויף די הענט... טאָמער געפין איך ביי דיר אַ רעוואָלווער וועל איך דיר דערשיסן... ער האָט זיך שטאַרק געמיצט אַרויפצוברענגען וואָס מער רציחה.

מענדע איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך און געציטערט, כאָטשע ער האָט שוין געקענט די שפּיצלעך פון די זעלנער, וואָס זוכן רעוואָלווערס און מיינען עפּעס אַנדערש. ער האָט אויפגעהויבן די הענט. דער זעלנער האָט באַלד ביי אים געפונען די עטלעכע פּאַפּירענע הונדערטער. ער האָט זיי צוגענומען און זיי פלינק באַהאַלטן ביי זיך אונטערן היטל.

— פאָר צו אַלדע רוחות! — האָט ער זיך צעשריגן און דעם פערד אַ זעץ געטאָן מיט דער קאָלבע פון דער ביקס.

— האָב אַ שוואַרץ יאָר מיטן געלט, ס'האָט במילא קיין סך נישט די ווערט, — האָט מענדע מיט פאַרדרוס געבורטשעט, זיך צוריק אַרויפגעכאַפּט אויף דער מיט פון טראַקט און זיך שוין געוואָלט כאָטשע זען פאַרקערעווען נעבן די צלמים...

דער וועג אין שטעטל אַריין איז געווען געפּאַקט. גרויסע מיליטערישע וועגענער זענען געפאָרן אַרויס און אַריין. סאָלדאַטן האָבן געקנאַקט מיט די בייטשן, האָבן געקוויטשעט און געלאַכט... פונם טומל אַרויס האָט זיך אַ שניידיק קול אַרויסגעציקלט:

— אנטעעק פאי דזיס נא רי בע ?... *)

אַ צווייטער זעלנער האָט ברוגז׳לעך אונטערגעכאַפּט אונטערן צונגל:

— יאַק זעס יאַ פּאַידע יאַק מי מאַטקאַ קורוואַ וועטקע ספּאַלילאַ...**) און אונטערגעהאַלטן מיט אַ קוויטשיקן — היי — יו יו — ה י י י ...

פונדערוויטנס האָט אַ יינגל הייזעריק געשריגן:

— פּא פּי ראסי, פּא פּי ראסי... און שוין האָט ער אָנגעשפּאַרט ביי מענדען אויפן וועגעלע.

נאָך איידער מענדע האָט אוספּעיעט אים צו פרעגן צי די אוקראַינער האָבן מיטן ריקצוג אים אויך געשלעפּט טרייבן בהמות, האָט דער חבר מיט אַ פאַרסאָפּעטן אָטעם גיך עפּעס דערציילט און מענדען איז פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. ער האָט שטאַרק אַ טרייב געטאָן דאָס פערד.

אָפּגעשטעלט זיך מיטן פערד און וועגעלע אין דער היים ביי דער שטאַל, האָט מענדע מיט אַ צעטראָגענעם שפּרונג זיך אַ לאָז געטאָן צו דער שטוב, די ערד האָט זיך אים ווי גערוקט פון אונטער די פיס אַ פיר, פאַר די אויגן האָט זיך אים אַ דריי געטאָן דער גאַנצער אַרום, ווי ער וואָלט געהאַלטן ביים איינזינקען...

כאָטשע ער איז אַריין אין שטוב מיט אַן אָפן מויל ווי צום אויסשרייען:

— טאַטע, טאַטע... איך בין שוין דאָ צוריק פון פאַרשפּאַן... איז אים אָבער דאָס קול נישט אַרויסגעקומען. ס׳האָט אים ווי פאַרשנירט דער האַלדז און דאָס האַרץ איז אים פאַרשטיינערט געוואָרן.

*) אנטעק גייסט כאַפּן פיש ?

**) ווי אַזוי זאָל איך גייען, אַז מיין מאַמע, די קורווע, האָט מיר די וועטקע פאַרברענט.

די מאַמע איז געשטאַנען איבערגעבויגן איבערן בעט און ביטער געבראָכן די הענט... — זע נאָר וועך ס׳איז דאָ... ס׳קינד איז שוין צוריקגעקומען... ווײ איז מיר...

פון בעט אַרויס האָבן שטאַרע אויגן געדומעט... דער טאַטע האָט פריקרע אַ פאכע געטאָן מיט די נאָזלעכער, ווי אַ פארגרעזנעטער פויגל מיט די פאַר־פרוירענע פליגל איבערן שניי, באַגלייך ס׳וואָלט אים שוין גאָרנישט ניכע געווען. אַ ווילדע מורא שחורה איז אים געלעגן אויסגעגאָסן אויפן פנים, אונטערגעבונדן מיט אַ גראָבער פאַטשיילע, פון אונטער וועלכער ס׳האָבן ביי דער זייט, ווי אויף חוזק זיך אפירגעשטופט רעשטלעך האָר פון דער אויסגעפליקטער באָרד...

— די פוילישע זעלנער האָבן אים געוואָלט דערשיסן. נעכטן ביינאַכט, באַלד ווי די נייע מחנה איז אַריין, האָבן אַ פאָר רוצחים געכאַפט עטלעכע יידן, זיי פאַרשלעפט אויפן הייליקן אָרט, אויסגעריסן די בערד און זיי געהייסן זיך אַוועקלייגן אויף די קברים און זיך נישט רירן ביז די ווייבער וועלן ברענגען געלד... ווײ איז מיר... קוים וואָס עד האָב אים אויסגעבעטן... זע, ליובע, ווי ער איז איבערגעשראָקן... ער האָט פאַרלוירן ס׳לשון... גיי, גיי מענדע, גיי צו צו׳ם טאַטן...

מענדע האָט זיך שטאַרק צעוויינט...

פאַר דער טיר האָט דאָס פערד געהוידעט מיטן קאָפּ און געמאָנט עסן.